# מ ש ה  ג ל א ז ע ר

פון די

# שמות

פון דער

# אלטער קלויז

מתוך

# ה"שמות"

של

# הקלויז הישן

ISBN:0-657-07766-6



לפי תרגום של

ד.ב. מלכין

פאַר דער זכיה
איבערזעצט צו ווערן אין העברעיש —
אָן מיין וויסן —
דאַנק איך „טייבל — דעם רבס״,
די טאָכטער פון
הרב אברהמ׳ל מאַרקאָווסקי, זצ״ל
— רב פון קניאַזשער
און איר חשובן מאַן, פריינד און חבר,
ר׳ משה ווערניקאָוו־הלוי
פון תל־אביב.

איך דאַנק אויך
דעם באַגאַבטן קריטיקער און לעקטאָר
מר׳ דוב בער מלכין,
פאַר זיין פיינער איבערזעצונג
פון מיינע „שמות פון דער אַלטער קלויז״.

משה גלאַזער

על כי זיכוני בתרגום עברי
— שלא בידיעתי —
הנני מביא בזה את תודתי
לטייבל־בת־הרב,
יונה ורניקוב־הלוי,
בתו של הרב אברהמ׳ל מארקובסקי,
מרא דאתרא קניאז׳ה,
ולבעלה הנכבד, ידי ורע,
משה ורניקוב הלוי,
מתל־אביב.

כמו כן הנני מביע תודה
למבקר והמרצה המחונן
מר דוב בר מלכין
על תרגומו הנאה
של „מיינע שמות פון דער אַלטער קלויז״.

מ. ג.

# פון די שמות פון דער אלטער קלויז

## „SHAMOSS" FOON DER ALTER „KLOYSE"

**by MOISHE GLASER**

**The Hebrew transllation**
**by D. B. MALCHIN, Tel Aviv**



919 no. Harper Ave

Farlag "Moshe" פאַרלאַג „משה"

5747 Bowesfield Street
Los Angeles 16, Calf. U. S. A.

Printed in Israel 1965 געדרוקט אין ישראל

נדפס בישראל תשכ"ה

דפוס „אורלי" תל־אביב, רח' יסוד המעלה 27

לזכרון עולם:
זאַבאָקריטש, קריזשאפאל און קניאזשע

לזכרון עולם:
זאבוקריץ׳, קריז׳ופול וקניאזה

# שלמה מנחם׳ס - שלמה בר־מנחם

קיינער פון די הדרת־פנים׳דיקע יידן אין אונדזער שטעטל האָט נישט זוכה געווען צו אַזוי פיל ביינעמען־טיטלען, ווי דער ייד מיטן איינגעשרענקטעם גוף, איינגע־שרומפענעם גרויען בערדל אַרום די איינגעפאַלענע באַקן און ציטערנדיקע הענט מיט לאַנגע דאַרע פינגער — דער זשוואַווער שלמה מנחם׳ס.

איש מבין היהודים נשואי־הפנים בעיירתנו לא זכה לשפע כזה של כינויים־תארים כאותו יהודי מועט־הגוף, בעל זקנקן־השיבה המכווץ מסביב ללחייו הנפולות והידיים המרטטות ארוכות האצבעות, היהודי העירני תמיד — שלמה־בר׳־מנחם.

# דער מקונן - המקונן

אַזוי זאָגן קינות, ווי שלמה מנחם׳ס פלעגט זאָגן אין דער אַלטער קלויז האָט קיינער נישט געקאָנט.

— נישט וועלוול, פרץ דעם רב׳ס אינם גרויסן בית־המדרש.

— נישט בערל פון דער סלאָבאָדע אין דער שמש׳סער קלויז, און נישט דוד, חיה שרה — גאָלדעס אין קליינעם שולכל.

„קינות" פלעגט שלמה זאָגן — נישט נאָר מיטן אָנגענומענעם „איכה" נוסח — נאָר מיטן גאַנצן האַרצן זיינעם. מיט אַלע אברים זיינע און מיט די „יחיד־יחידישע" האַ־ווייעס זיינע — פלעגט ער זאָגן.

— זאָגן? —

שלמה האָט גאָר נישט געזאָגט — נאָר געכליפּעט...

ווי נאָר ער פלעגט זיך אַוועקזעצן אויף דער ערד, ביים עמוד, האָט ער אָנגעהויבן כליפּן — און אַרויסכליפּן יעדעס וואָרט — יעדן פסוק... און פון פסוק צו פסוק, פלעגט ער זיך אַלץ מער פאַרגיין; — אין אַ שטאַרקערן געוויין, אין אַ גרעסערן יאָמער און אין אַ טיפערער אבלות...

*

ביים סוף פון צווייטן קאַפּיטל פלעגט ער שוין זיין אַזוי אויסגעשעפּט פון זיינע כוחות, אַז ער פלעגט בלייבן זיצן ווי פאַרשטיינערט!

אמירת קינות כעין זו של שלמה־בר׳־מנחם בקלויז הישן לא עלתה בידי איש: לא בידי וולוול־בן־פרץ־בן־הרב בבית המדרש הגדול; לא בידי ברל־מן־הפרבר בקלויז — השמשים — ואף לא בידי דוד־בן חיה שרה־בת גולדה בבית התפילה הקטן.

שלמה־בר׳־מנחם היה אומר קינות לא רק בנוסח המקובל של „איכה", אלא בכל לבבו; כל עצמותיו היו אומרות עמו ומתלוות אל אנחות היחיד־והיחוד שלו באמירת הקינות.

— אמירה? —

שלמה לא היה אומר קינות, הוא היה מתיפח בבכי, מיבב...

ברגע בו היה מתיישב על הרצפה, ליד התיבה, התחיל מתיבב, וכל דבור וכל פסוק שיצאו מפיו, יצאו תוך כדי יבבה. והיבבה היתה גוברת והולכת מפסוק לפסוק והוא עצמו היה שוקע יותר ויותר בבכי תמרורים, ביללה קורעת־לב ובאבלות נוקבת תהום.

עם סיום הפרק השני של איכה כבר הגיע עד אפיסת כוחות, כמעט, והיה קופא במקומו כמאובן.

אַ טויטע שטילקייט
פלעגט דאַן אַרומנעמען
די גאַנצע קלויז...
בלויז —
אַ לעצטער זיפץ,
אַ פאַרשפעטיקטער קרעכץ
פלעגט זיך דערטראָגן
פון אַ ווינקל ערגעץ.
און אַ יעכץ —
פון דער ווייבערשער קלויז.
אין יענע מינוטן
האָט דער אָפשיין פון פלעמעלעך
געוואָרפן אַ שאָטן; —
אויפן נישט באַ׳פרוכת׳טן
אָפּגעדעקטן
ארון קודש.
אויף די איבערקערטע בענק,
סטענדערס,
— צעוואַלעטע זיילן
פון היכל הקודש...
אויף די פאַר׳קינות׳טע יידן
— שבעה־זיצער

דממת־מות
היתה משתררת אז
בכל הקלויז המשותק...
ורק —
קול אנקה שבור,
הד בכי עצור
היו מגיעים
מאֵי־שם בקרן־זוית
והתיפחות חרישית
מעזרת־הנשים.
באותם רגעים,
רגעי חרדה —
היתה הילת הבהובים
זורקת צלה:
על ארון הקודש
נטול הפרוכת,
הארון המעורטל —
על עמודי־התפילה
הפוכים על פניהם,
עמודי ההיכל...
על יהודי־ה„קינות״,
יושבי ה„שבעה״,

ביז דער ערד געבויגן,
אויף פאַרטריפטע ליכטעלעך
פאַר׳צער׳טע
צאַנקענדעקע אויגן.

אויפן מקונן שלמה
— ירמיהו!
„איכה ישבה בדד העיר״

— — — — — — — — — — — —

חורבן ירושלים

— — — — — — — — — — — —

וויי און וויי — — —
וויי איז מיר!

ווען שלמה האָט פון זיין פאַרשטיינערטקייט ווידער די לעפצן געעפנט — האָט:

„אני הגבר ראה עני״ — ווי אַ בת־קול איבער דער קלויז זיך צעטראָגן.

אַ שוידער האָט אַרומגעכאַפּט יעדן איינעם.

אויסגעבראָכן האָבן אַלע אין אַ ביטערן יאָמער, און מיט אַזעלכע יללותדיקע קולות, וואָס האָבן הימלען געשפאלטן.

*

תשעה באב אין דער אַלטער קלויז.

שחוחים ארצה אפים,
על זעירי־הנרות
מאירים קמעה
את הצער בעינים

על המקונן עצמו,
שלמה־ירמיהו!
„איכה ישבה בדד העיר״

— — — — — — — — — — — —

חורבן ירושלים

— — — — — — — — — — — —

אוי ואבוי בלי הרף — — —
אוי לי, ואבוי לי!

משנתעורר שלהמ מקפאונו והניע שוב את שפתיו — אזי:

„אני הגבר ראה עני״ — בת־קול היתה מנהמת ומפזמת את המלים בחללו של הקלויז.

חיל ורעדה עברו בכל הנוכחים.

הכל כאחד פרצו בבכי מר, וקול היללות קרע את שבעת הרקיעים.

*

תשעה־באב בקלויז הישן.

# דער בעל שחרית - „בעל השחרית"

נאָך איידער עס האָט דער מתחיל, וואָס פלעגט דאַ־ווענען ראש השנה און יום כיפור ביז „המלך", געהאַלטן ביים אַוועקדרייען זיך פון עמוד, פלעגט זיך שוין צעטראָגן איבער דער גאָרער קלויז:

— האַ־אַ, האַ־אַ, האַ־אַ!
האַ־, האַ־אַ, האַ!

*

ווי אַ פלוצלינגער דונער פלעגט דאָס צעטרייסלען די פרימאָרגנדיקע געמיטער פון די פאַרכמורעטע מתפללים.

עוד בטרם פנה ה„מתחיל", שהיה עובר לפני התיבה בראש־השנה וביום הכיפורים עד „המלך", והלך לו מן התיבה, כבר היה מתנשא בכל פינות הקלויז:

— הא—א, הא—א, הא—א! הא—א, הא—א,
הא—א!

*

כרעם־פתע היו קולות אלה מזעזעים את נפשות מש־כימי־הקום, המתפללים נכאי־הרוח.

שטייענדיק נאָך ביים שטענדער פון זיין שטאט ביי דער דרום־וואַנט אין קלויז, פלעגט זיך שלמה מנחם׳ס אָנהייבן צעצוואַרעמען:

— האַ־אַ, אַ־האַ! — צעצוועקן די עדה צו שחרית.

דער גרויסער טלית, וואָס האָט איינגעהילט שלמה׳ס גאַנצן גוף, האָט זיך גענומען שלייכן מיט געפאַלדעוועטן פלאַטער אויף צימצומדיקע שפאַנעלעך. צום — עמוד.

שלמה׳ס האַ־אַ, אַהאַ! האָט זיך געשטופעט אַלץ העכער און העכער און דערגרייכט — די עכסטע אָקטאַווע ווען ער האָט — ביים עמוד זיך אַוועקגעשטעלט.

מיט דער הילף; —
פון זיינע דערהויבענע הענט — ארויף,
מיט זיינע אויגן פאַרגלאַנצט
צום הימל — צום „אין־סוף", —

האָט זיך זיין מויל צעפראַלט
און אַרויסגע׳קול׳ט:

ה — מ . . . ל ך

*

**שחרית אין דער אַלטער קלויז.**

בעמדו עדיין ליד עמוד־התפילה שלו, במקומו הקבוע בכותל הדרומי של הקלויז, היה שלמה בר׳ מנחם מתחמם ומשתלהב:

— — הא—א, הא—א! — כך היה מעורר את העדה לקראת תפילת שחרית.

הטלית הגדולה שהיתה עוטפת את כל גופו של שלמה התחילה נעה־וזעה בקפלי־רטט, בפסיעות קלות־שבקלות, אל עבר פני התיבה.

קריאת הא—א—הא—א של שלמה התחילה מדחקת עצמה אל על, מעלה־מעלה, והגיעה למרום שיאה משניצב לפני התיבה.

בנשיאת־כפים אלי מרום
כשעיניו את ה„אין סוף"
מבקשות באמונת־תום —
נפער פיו בזעקת־תהום
בוקעת שחקים ומפלסת דרך
בדיבור אחד:

ה — מ . . . ל ך

*

**תפילת שחרית בקלויז הישן.**

# דער בעל תוקע - ה„בעל תוקע"

ווען דער גורל איז געפאַלן אויף שלמה מנחם׳ס צו זיין דער בעל תוקע אין קלויז, איז ער שוין דעם גאַנצן חודש אלול געווען היזהור והיזהור: —

געלאָפן אַלע טאָג אין מקווה פאַרן דאַווענען, געדאַוונט מיט מער כונה און אַפילו ביים אָפּשטעלן אַ חלף, האָט ער אויך פיל מער מדקדק געווען.

משעלה בגורלו של שלמה־בר׳־מנחם להיות התוקע־בשופר בקלויז, התחיל להגביר את זהירותו ביראת־שמים מבעוד יומו הראשון של חודש אלול:

הוא היה אץ כל בוקר, לפני התפילה, אל המקוה, אף בתפילתו התחיל מכוון כוונות־יתר, ובכינון החלץ, שהיה אצלו מעשה־בכל־יום, היה מדקדק באותו פרק זמן יותר מכחוט השערה...

ראש השנה צו אויסנעמענס, האָט שלמה גענומען פראַ־ווען נקיות... און נישט איינמאָל, און נישט צוויי מאָל, נאָר גאַנצע דריי מאָל...

נאָך די נקיות זיינע איז ער אַוועק אין מקווה זיך טובלן, און האָט זיך טובל געווען: — נישט איין מאָל, נישט צוויי מאָל, גאַנצע זיבן טבילות האָט ער אָנגעציילט.

ביים אָנטאָן די פריש־געזאַלעטע וועש, וואָס זיין ברוך׳ל האָט אים געבראַכט פון דער היים, האָט ער זיך געהיט, אַז ער זאָל מיט זיינע הענט נישט אָנרירן דעם גוף, — די טבילה זאָל חלילה נישט פסול ווערן.

ביים אָנטאָן די בגדים האָט ער אויך גוט מקפיד געווען, אַז ער זאָל נישט עובר זיין אויף קיין „חוט השערה" פונעם „שולחן־ערוך",

— רעכטס אויף רעכטס, לינקס אויף לינקס...

פון דער מקווה איז שוין שלמה נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן, און מיט זיינע שאַרפע אויגן ממש געטאַפּט דעם וועג, אַז ער זאָל זיין פּאַנטאָפּל נישט מטמא זיין אין עפּעס...

אויפן בעלעמער איז דער שמש געשטאַנען — צו העלפן שלמה׳ן אַרויפצושלעפן דעם זויבער־ווייסן קיטל, אים געהאָלפן אַרויפציען דעם גרויסן טלית זיינעם מיט דער ברייטער זילבערנער עטרה, וואָס האָט זיך איינגעבלענט מיט די זילבער פעדעם אין זיין האַלב טונקעלער באָרד.

בראש־השנה, לאחר שחרית, התחיל שלמה לעסוק ב„נקיות"... ולא אחת ולא שתיים אלא שלוש פעמים, בזו אחר זו...

לאחר ה„נקיות" נחפז לטבול במקוה, והיה טובל עצמו לא אחת ולא שתיים אלא שבע טבילות תמימות טבל במקוה.

בשעת הלבישה של כותנתו ותחתוניו הכבוסים־למשעי לכבוד החג והובאו לו אותה שעה בידי בנו ברוכ׳ל, נזהר שלמה בתכלית הזהירות שידיו לא תהיינה נוגעות בגופו — לבל תפסל טבילתו, חלילה.

ובלבשו את בגדיו הקפיד ביותר שלא יעבור כמלא־נימה על האמור ב„שולחן־ערוך" — ימין לימין, ושמאל לשמאל...

מן המקוה לא הלך שלמה בהליכתו הרגילה אלא פתח מיד בריצה ובעיניו החדות בדק־ובחן־וגישש את הדרך, לבל יטמאו דרדסיו בדרכם על משהו...

על הבימה עמד השמש נכון לסייע בידי שלמה ללבוש את הקיטל צח־הלובן ולהתעטף בטליתו הגדולה בעלת עטרת־הכסף הרחבה שהבהיקה בחוטי הכסף בזקנו השחור למחצה.

ווען שלמה האָט זיך צעשאָקלט און צענעמען זיינע הענט אין דער ברייט — און אַרויף — האָט ער באַקומען אַ מלאך׳ישן אויסזען.

*

**„למנצח לבני קורח — מ ז מ ו ר!"**

*

אַ למנצח׳דיקער אויפברויז
איז געוואָרן אין דער קלויז —
— און זיך צעגאַנגען
אין אַ קול — דממה—דקה׳דיקער שטילקייט —
אין וועלכער שלמה האָט
אריינגע—היי—ה׳עט:
„מן המצר קראתי יה...
ע־נ־נו־ב־מרחב־יה!!"

---

משנתנענע שלמה והתחיל פושט־ושולח את ידיו לימין ולשמאל וכלפי־מעלה — היה מראהו כמראה מלאך.

*

**„למנצח לבני קורח — מזמור!"**

*

סער „למנצח"
התחיל פולח
את חלל הקלויז הדומם
ובאנחה ובאנקה
לקול דממה דקה
עבר שלמה בקראו ל„השם"...
„מן המצר קראתי יה...
עננו במרחב יה!!"

---

— מיט גרויס ערפורכט האָט דער מקרין־קורא געוועון דעם „סדר התקיעות" און שלמה האָט פאָרכטיקע קולות פון שופר געשאַלט.

— געמאַכט האָט דער שטן אַ פרואוו: — צו דערשטיקן אַ „שברים", — צו דערוואַרגן אַ „תרועה", שלמה אָבער האָט דעם געפעכט עקשנותדיק געפירט ביז ער האָט צע־שאַלט אַ תקיעה גדולה, אויף וואָס באַיאָרטע יידן האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן נאָך אַזוינס נישט געהערט.

*

„יישר כוחך׳ס" זענען געלאָפן פון אַלע זייטן...

אַ ציטער האָט זיך געפילט אין יעדנס האַרץ, אַ פלאַטער אין יעדנס נשמה, פאַר איין עין־הרע, חלילה — אל תפתח פה לשטן!

*

צו תקיעות אין דער אַלטער קלויז.

בחיל וברעדה קרא לפני מסדר־התקיעות את סדרן ושלמה הריע מן השופר קולות מסעירים.

נסה־ניסה השטן לפגוע: להחניק „שברים", להשניק „תרועה", אבל שלמה שרה עמו ונאבק בעקשנות עד שניצח בתקיעה־גדולה, תקיעה־גדולה שזקני העדה העידו עליה שכמותה לא שמעו מעודם.

*

ברכות „יישר כוחך" נתעופפו אליו מכל צד ועבר...

רטט הורגש בלב כל איש, הרהור־של־פחד עלה בנפשות כולם, — פחד מפני עינא־בישא, חלילה: אל תפתח פה לשטן!

*

כאלה היו ה„תקיעות" בקלויז הישן.

# דער תהילימניק - בעל התהילים

יידן האָבן געזאָגט תהילים ביי אונדז אין שטעטל.

ווען נאָר אַ ייד האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט, האָט ער אַריינגעכאַפּט אַ קאַפּיטל תהלים.

שלמה מנחמ׳ס, אָבער, האָט נישט געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט — ער האָט געזוכט די מעגלעכקייט — געזוכט ממש מיט ליכט.

ווי נאָר עס האָט זיך דערטראָגן צו זיין אויער, אַז אַ „ייד״ אָדער „אשה״ איז עפּעס נישט מיט אַלעמען, האָט ער גלייך אַריינגעזאָגט אין זיין אָדער אין איר נאָמען די נייטיקע... קאַפּיטלעך תהלים.

דער נאָמען פון דעם חולה צו חולנית האָט געמיינט ביים זאָגן תהלים גאָר, גאָר אַ סך.

שלמה האָט געהאַט זיינע באַזונדערע חשבונות־גימט־ריות — וועלכע קאַפּיטלעך תהלים צו זאָגן פאַר דעם און דעם — וואָס טראָגט דעם און דעם נאָמען — אַז ער, דער חולה, זאָל מיט גאָטס הילף געהאָלפן ווערן וואָס גיכער.

ווען חלילה עס האָט זיך געטראָפן אַ חולה האַלב

יהודים היו אומרים תהילים בעיירתנו.

כל שעת־כושר היתה יפה ליהודי להשתמש בה לאמירת תהילים, ולו פרק אחד או שניים.

אך לא כן שלמה־בר׳־מנחם; הוא לא היה ממתין לשעת־כושר, הוא היה תר אחרי הומבקשה, מחפש אותה בנרות, כביכול.

משאזנו קלטה שמועה על „יהודי״ או על „אשה״ שאינם בקו־הבריאות, לא עלינו, קם מיד ושילם בשמו או בשמה את פרקי־תהילים השייכים לכך...

ערך רב היה לו לשם, לשמו של החולה או לשמה של החולה, באמירת התהילים, ערך רב עד מאד.

היו לו לשלמה חישובי־נוטריקון־וגימטריאות משלו שלפיהם ידע לכלכל את אמירת התהילים לנושאי השמות השונים ולקרוא אותם פרקים דוקא שיביאו בעזרת השם להחלמתו המהירה של החולה.

אם קרה, חלילה, מקרה של „חולה מסוכן״ או של „מקשה לילד״, לא היה עוד שלמה סומך על עצמו בלבד,

מסוכן... אָדער אַ „מקשה לילד" — האָט זיך שוין שלמה נישט פאַרלאָזט אויף זיך אַליין, נאָר ער האָט צוזאַמען געשלעפּט אַ מנין צו דער אַלטער קלויז און מע האָט זיך געשטעלט זאָגן תהלים בציבור.

און אויב די סכנה איז חלילה געוואָרן גרעסער... פלעגט שלמה פאַרקאַטשען די פּאָלעס, זיך אַוועקלאָזן איבער די חדרים און גוזר זיין — „גלייך פירן די תלמידים אין דער אַלטער קלויז!"

די „תינוקת של בית רבן" האָט ער מצרף געווען צום מנין תהלים־זאָגער.

ער אַליין פלעגט זיך צעשאָקלען פאַרן עמוד, און מיט פלאַמיקן ברען אויסרופן וועלכע קאַפּיטלעך תהלים מיט־צוזאָגן מיט אים.

— וועלכע קאַפּיטלעך צו זאָגן בלויז איין מאָל, אָדער צוויי מאָל און וועלכע קאַפּיטלעך די קינדער זאָלן אָפּציילן אויף זייערע פינגערלעך זיבן מאָל... וואָס די „גימטריא" פון אות אינעם נאָמען פון חולה־מסוכן האָט באַטראָפן, כדי עס זאָל אים זיין צו רפואה אָדער לסגולה...

ונאמר אמן!

*

שלמה מנחם׳ס.
דער תהלים זאָגער — לרפואה ולסגולה.

אלא היה גורר־ומכנס מנין אל הקלויז הישן ופתחו באמי־רת־תהילים בציבור.

ובאם גברה הסכנה, רחמנא ליצלן, היה שלמה מבדר את כנפות בגדו והיה עובר על פני ה„חדרים" וגוזר גזרה שאין לערער עליה: „להוליך תיכף־ומיד את התלמידים אל הקלויז הישן!"

את התינוקות־של־בית־רבן היה מצרף אל המנין של אומרי־התהילים.

הוא גופו התחיל מתנענע לפני התיבה ובהתלהבות משלהבת היה מכריז־ומודיע, אילו פרקים בתהילים חייבים הם לאמר ביחד עמו.

היו פרקים שהספיקו כדי אמירה של פעם אחת, והיו פרקים שהיה צורך לאמרם פעמיים, אך היו גם פרקים שהילדים חייבים היו לספור ולמנות שבע פעמים של אמירה בזו אחר זו... הכל תלוי בגימטריא שבשמו של החולה המסוכן, למען יהא שורר הבטחון שהאמירה תהיה לו לסגולה ולרפואה...

ונאמר: אמן!

*

כזה היה שלמה־בר׳־מנחם —
בעל התהילים — — —
לסגולה ולרפואה.

# דער האווייעסניק - בעל ההתלהבות

שלמה מנחם׳ס האָט געהאַט אַ שם מיט זיינע האווייעס — אַ גוטן „שם״.

געווען האווייעסניקעס ביי אונדז אין שטאָט פון וועלכע מע פלעגט אָפּלאַכן — אפילו רופן מיט צונעמען...

די האַווייעס זייערע זיינען געווען גאווה׳דיקע אויס־שטעלעריש, נאָכמאַכעריש... האָט מען אָפּגעלאַכט פון זיי.

שלמה מנחם׳ס האווייעס אָבער, זיינען אינעווייניקסטע, איבערלעבעריש.

אין שלמה׳ס אַ „איי״ אָדער אַ „אוי״! האָט זיך גע־פּילט אַ שטיק האַרץ זיינס.

אין שלמה׳ס אַ מאַך מיט דער האַנט — האָט זיך צע־שוועבט זיין נשמה.

אין שלמה׳ס צעשאָקלען זיך האָט זיך געפּילט כלו כוונה.

שלמה־בר׳־מנחם קנה לו שם בתנועות־ההתלהבות שלו, — שם טוב קנה לו.

היו בעירנו בעלי־התלהבות שהיו מלגלגים עליהם, ואפילו היו מכנים אותם בכינויים מכינויים שונים...

בתנועות־ההתלהבות של הללו היו יוהרניות, חקייניות, תנועות־לראוה... על כן הלעיגו עליהם.

ואילו תנועות־ההתלהבות של שלמה־בר׳־מנחם היו פנימיות, תנועות־של־ריגוש.

„הה״ של שלמה ו„אוי״ שלו היו זעוקים ממעמקים, מעמקי לבו.

ניענוע־יד של שלמה גילה את נשמתו הממריאה אל על.

וכשכל גופו היה מיטלטל בניענועים היו רואים העליל את כל המית נפשו, עד כלות...

*

אַמשטאַרקסטן פלעגט אויסשפּילן שלמה זיינע האַווייעס
פסח ביי די סדרים.
אמת׳דיקע,
יציאת מצרים׳דיקע
רוחניות..

*

כאילו היה שם.
שלמה מנחם׳ס דער האַווייעסניק.

*

תנועות־ההתלהבות של שלמה הגיעו לשיאן בימי הפסח, בשעת ה„סדרים".
ניענועי־גוף שכולם רוחניות.
אמת לאמיתה.
תחושת־ממש של יציאת־מצרים.
כאילו היה שם...

*

שלמה־בר׳־מנחם, בעל־ההתלהבות.

# שלמה שו"ב - השו"ב

נישט גרינק איז אָנגעקומען שלמה מנחם׳ס יענעם איינדערפרי אַרויפצודראַפּען זיך די פּאָר טרעפּלעך אויפן באַלעמער.

אָנגעשפּאַרט האָט ער די עלנבויגנס אָן שולחן צו פּאַרהאַלטן אַביסל דעם אונאויפהערלעכן ציטער פון זיינע הענט וואָס איז זיי פּלוצלינג באַפאַלן.

לא על נקלה עלתה בידו של שלמה שו"ב לטפס־ולעלות על המדרגות המעטות שהוליכו אל האלמימר.

שלמה השעין זרועותיו על גבי השולחן, הידק את ידיו כדי לעצור במקצת בעד ריעודן הבלתי־פוסק שבא עליהן לפתע־פתאום...

**געפלאַטערט האָט זיין האַרץ פונקט אַזוי ווי עס האָבן געציטערט זיינע הענט.**

— — — — — — — — — — — —

*

רבותי! —
איך בין מכריז ומודיע:
מהיום והלאה — — —
וועל איך מער נישט שעכטן.

— — — — — — — — — — — —

געוווסט האָט די שטאָט:
— מעשה שטן...
— דער שטן־המשחית, רחמנא ליצלן —
האָט צעציטערט — שלמה׳ס
צארטע־שחיטה־הענט
פאַר וועלכן חטא?
הרהור־עבירה? — — —

— — — — — — — — — — — —

**שלמה מנחם׳ס האָט מער נישט געשאָכטן.**
**זכר צדיק לברכה.**

**לבו ריטט בקרבו כשם שריעדו ידיו לעין כל.**

— — — — — — — — — — — —

רבותי! —
הנני מכריז ומודיע:
מהיום והלאה — — —
לא אשחט עוד!

— — — — — — — — — — — —

השמועה כבר פשטה בעיר:
מעשה־שטן...
השטן־המשחית, — רחמנא ליצלן —
שילח רעדה
בידי־השחיטה העדינות
של השו״ב — — —
על שום מה ולמה? במה חטא?
הרהור־עבירה, חלילה? — לא יתכן!

— — — — — — — — — — — —

**שלמה־בר׳־מנחם לא שחט עוד — — —**
**זכר צדיק לברכה.**

# צאַן קדשים

געליייטערט —
אין די עשרת־ימי־תשובה ;
מיט טבילה.
תפילה צדקה און בדיקה...
איילן יידן בעלי־תשובה —
צו די שילן, צו די קלויזן —
פאַר דער אָנקומענדער שקיעה —
אינעם ערב־יום־כיפורדיקן דרויסן —
נוראימדיקן דרויסן.

איילן יידן
צו די שילן, צו די קלויזן.

זכים וטהורים —
בעשרת ימי תשובה ;
מזוקקים
בטבילה ובתפילה
בצדקה ובבדיקה...
נחפזים יהודים בעלי תשובה
אל בתי הכנסת, אל בית אלהים —
בטרם תשקע החמה
של ערב יום הכיפורים —
הנורא בימים הנוראים,
נחפזים יהודים
אל בתי הכנסת, אל בית אלהים. —

# אוי לי

דער שאָרך... דער טראָט —
אין די קנוילן היי
אַנגעפליקט אויפן דיל פון קלויז.
דער קריץ... דער צינד —
אַרום נשמה־ליכט
איינגעשמעלצט דורכוים.
תפילה־זכה שעפטש
יחידישער זיפץ —
אוי־לי!
פון הינטער טליתים אַרויס.
הערט זיך פאַר כל־נדרי
אין דער נוראימדיקייט,
פון דער אַלטער קלויז,
נוראימדיקע קלויז.

צעידה בנחת
בערמות השחת
על רצפת הקלויז הישן —
הבהוב להבה
בנרות־נשמה
נר־כיפורים לא יעשן.
בקול דממה דקה
פסוקי תפילה זכה
לוחשים עוטפי טלית —
אוי לי! —
להם תען אנקת יחיד.
בפחד וביראה
ל„כל נדרי״ הכל מוכן
בקלויז אפוף מורא —
בקלויז הישן.

# יום טובניקעס - יהודים של חג

ענג.
אַ געדרענג.
דאַרפס־יידן — יום־טובניקס,
פלעגן מאַכן ענג. —
אַן ענגשאַפט
אין אַלע בתי־תפילה.
די גרעסטע ענגשאַפט אָבער
פלעגן זיי מאַכן
אין דער אַלטער קלויז —
יום כפור
צו כל־נדרי.
די יום־טובניקס האָט זיך געוואָלט כאָטש איינמאָל
אין יאָר
— מצרף זיין מיט יידן
— איי יידן —
מיט אויסגע׳מרחצ׳טע באָרד און פאות.
אויסגע׳טובל׳טע פאַר־תעניתימדיקע גופים.
און פנימער, אויסגעאיידלטע לויטערע,
וואָס שטראַלן מיט תורה, חכמה און יראה.

דחיקות,
צפיפות.
יהודים כפריים — אורחי־של־חג
היו מביאים עמם
צפיפות.
צפיפות בכל בתי התפילה.
אך
יותר מבכל מקום
היו עומדים צפופים — בגינם —
בקלויז הישן,
בליל־יום הכיפורים,
בשעת כל־נדרי.
היהודים־של־חג מבקשים היו ולו אחת לשנה —
לצרף עצמם אל יהודים
— אוי, יהודים! —
בעלי זקנים ופאות מעטרי פני יהודי,
בעלי גופים טבולי־מקוואות בכניסתם אלי צום,
בעלי קלסתר פנים של עדנה וזוך,
מפיקי נוגה של תורה, חכמה ויראה.

זיי אַליין
זענען דאָך נעבעך געווען:
דאָרפסמענטשן
— שווערלייביקע גופים;
קאַלטענעוואַטע בערד
און וואַטאָווע פאות.
בעלי־גופים מיט בנים —
ברייטפלייציקע,
עולם־הזהידקע כלאָפעס
זאָלן זיי כאַטש לערנען עפעס...
יידן דאָרפישע
שפּאַרן
אַן ענגשאַפּט,
אַ געדרענג.
אַ געקלאַמער
אַרום דעם ארון־קודש,
דעם שולחן,
דעם באַלעמער.

הלא הם עצמם
— יהודים־של־חג —
היו „עניים ממעש״:
תושבי־כפר כבדי־גופים,
מדובללי זקן ופאות־של־מוך;
וכמוהם כן בניהם:
רחבי גרם — גוברין כופראין — —
היתה ערגה בלב האבות:
יספגו ריח של יהדות,
ולו אחת לשנה.
יהודים־של־חג — תושבי כפר
מביאים עמם
צפיפות, דחיקות.
עומדים צפופים,
נלפתים דחוקים, —
אל ארון הקודש,
אל קרנות השולחן,
מסביב לאלמימר.

צאַן קדשים!
בלודנע
דאַרפישע לעמער
פאַרן פאַסטוך
פון ישראל —
פאַר דין וחשבון אָפּנעמער
ענג —
אַ געדרענג
צו כל־נדרי
אין דער אַלטער קלויז.

צאן קדשים!
שׂיות תועות
מן הכפר באות
אל רועה ישראל
ביום בו הרועה
סופר ומונה. — —
בתפילת כל־נדרי
הכל צפופים ודחוקים
כאן —
בקלויז הישן.

# א גערשטן לכבוד פסח - שעורה לכבוד פסח

מעשה שהיה

דאַכט זיך וואָס איז אַ גערשטן? — אַ זערנע, אַ קערנדל ווי אַ ווייץ, ווי אַ קאָרן וואָס דער אויבערשטער האָט באַשאַפן, מ׳זאָל זיך האָבן מיט וואָס צו דערנערן.

איז טאַקע גוט! — גוט ווען דער גערשטן געפינט זיך אין אַ קאַליש. — איר געדיינקט דאָס היימישע מאכל, — אַ קאַליש פון גערשטענע גרויפּן?

ווען אָבער דאָס זערנעלע, אָט דער גערשטן, כאַפּט זיך אַריין אַהין, וואו מ׳דאַרף אים ניט — צערודערט ער רחמנא לצלן...

לכאורה, אין ליתן את הדעת על שעורה בודדת. וכי מה ערכה ומה חשיבותה? גרגיר של כלום, כמוהו כדומים לו בחיטה, בשיפון, ככל הדגן למינהו שאלוהים בראו למען האדם, להחיות נפשו בו.

במה דברים אמורים? — באם אותה שעורה מצויה בתוך גריסה. — התזכרו עדנה את המאכל הערב מבית אמא, — תבשיל של גריסי שעורים?

ברם, אם אותו גרגר של לא כלום, אם אותה שעורה בודדת עושה את דרכה למקום שאינו נאה ואינו יאה לה — אזי עלולה היא להביא לידי מבוכה ובלבול־מוחין, רחמנא־ליצלן.

*

געווען ביי אונדז אַ אשה צנועה־מאַמציע, האָט זי געהייסן, — מאַמציע שמואל לייב׳ס — אַ פרומע נשמה וואָס אויף דער קלענסטער קלייניקייט פלעגט זי לויפן צום רב פרעגן אַ שאלה.

איר ווייסט דאָך, ווען עס דרייען זיך אַרום אין שטוב צען „ווערים״, — איינער קלענער פאַרן אַנדערן, איז ווען זיי, די קינדער „צעגעדזיען זיך״, הייבן אָן פליען מילכיקע לעפעליך אין פליישיקע טעפ, און פליישיקע לעפל אין מילכיקן געפעס, — אַ טראָפּן מילך אויף אַ פאַרעווע מעסער, אַ טראָפּן וואַסער אויפן אויסגעזאַלצענעם פלייש...

אַזעלכע זאַכן האָבן געטראָפן ביי אַנדערע באַלעבאָסטעס אויך, — ווער קען עס איינהיטן אַ כאָפּטע קליינוואַרג? — ניט מער, זיי, די אַנדערע באַלעבאָסטעס פלעגן זיך אַליין געשעפטיקט מאַכן, — אַריינגעשטעקט דאָס מעסער, אָדער דעם לעפל אין דער ערד — און כשר!

מאַמציע אָבער, מאַמציע שמואל ליב׳ס, זי איז מיט אָט די קלייניקייטן געלאָפן צום רב פרעגן אַ שאלה.

פון אַ פגימה׳לע אויף די קישקעס ביים כשר מאַכן אַן עוף, אַ צעקראָכן לעבערל, אָדער אַן איינגעבויגן ביינדל, וואָס מען האָט דערזען ביים עסן, און פון שאלות נשים... איז דאָך שוין אָפּגערעדט, — האָט מען איר טאַקע געגעבן אַ צונאָמען „מאַמציע מיט די שאלות״.



*

היה היתה במקומנו אשה צנועה וממציה שמה — ממציה־של־שמואל־לייב — אשה צנועה וחסודה שבכל מקרה של ספק, ולו הקל שבקלים, היתה אצה רצה אל הרב לשאול „שאלה״.

הנקל להבין שספקות מעין אלה מתעוררים חדשים־לבקרים בבית בו מתרוצצים עשרה זאטוטנים שהגדול שבהם עודנו קטן למדי; לכשטפליא אלו מתרתחים — מתחילה „התעופפות״ כללית בבית: כפיות־של־חלב עפות לתוך קדרות־של־בשר, ואילו כפות־של־בשר טסות אל כלי־החלב דוקא; טיפת־חלב ניתזת על סכין ביניים ואילו טיפת־מים — על הבשר שהומלח...

אכן, כאלה וכאלה יתרחשו בכל הבתים, — כלום יש מי שיוכל להשמר מפני הטף? אלא שבשאר הבתים מוצאת לה עקרת־הבית דרך לתקן את המעוות במו ידיה, — תקעה את הסכין או את הכף אל תוך האדמה, וחסל, כשר וישר!

אך לא כמנהג בנות מינה נוהגת ממציה — ממציה־של־שמואל־לייב — בכל מקרה ומקרה כגון אלה היתה אצה רצה, כאמור, אל הרב לשאול „שאלה״.

ואין צורך להוסיף שריצת „השאלות״ שלה היתה חפוזה ביותר, באם נמצאה פגימה כל שהיא במעי העוף שעה שהכשירתהו לבישול, או באשר מצאה בו כבד ממוסמס

ווען מאַמציע אָבער איז געקומען צעלויפן צום רב עט נאָך הבדלה, ערב די צווייטע טעג פסח.

— ביי דעם כשר מאַכן די עופות האָט זי געפונען אַ ווערשטן אין דער זאַלץ.

פון דער שאלה האָט שוין קיינער נישט געלאַכט און ניט לצנות געמאַכט.

דער רב זכרונו לברכה, האָט באַלד דערפילט, אַז די שאלה איז גאָר אַ האַרבע, — מיר־ניט־דיר־ניט, קאָן מען זי ניט פסק׳נען.

באַלד האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז נאָך באַלע־באָסטעס האָבן געפונען אין דער זאַלץ, עפּעס ווי אַ גער־שטן...

*

קינד און קייט האָבן יענעם אינדערפרי געצויגן צום רב׳ס שטוב, — אַן ערב פסח׳דיקער עולה־רגל, ממש.

אידן, הדרת־פנים׳דיקע, יודע ספר, זענען געזעסן מיט נתן׳קע, דעם רב אַרום טיש, און גע׳חקירה׳ט, גע׳ שקלא וטריא׳ט...

די אַנדערע אידן פון שטאָט, אַרום דער שטוב, און זיך אויסגעלעגט דאָס ערגסטע:

וועט מען מוזן אַרויסוואַרפן דאָס אָנגעגרייטע אויף יום־בוט? אויף אַן אָרט, אַז אפילו כלבים זאָלן דערפון



או שנגלתה לפניה בשעת האכילה עצם מעוקמת, וקל־וחומר שבקל־וחומר בשאלות־נשים... — על כן, אמנם, היו מכנים אותה „ממציה בעלת השאלות״.

אולם פני הדברים נשתנו בלילה ההוא, — במוצאי־שבת לאחר־הבדלה, ערב יום־טוב שני של פסח, — בו באה ממציה בהולה לביתו של הרב ובפיה מסירת־הודעה: בשעת הכשרת העופות מצאה שעורה בתוך המלח!

איש לא חייך ואיש לא ליגלג לשמע הידיעה מפי „בעלת השאלות״.

הרב, זכרונו לברכה, חש מיד כי שאלה חמורה הובאה לפניו, ואין לפסוק בה מניה־וביה.

והענין החמיר עוד יותר משנודע, כי לא היא היחידה בין עקרות־הבית שמצאה בתוך המלח משהו כעין שעורה...

*

כל תושבי העיירה, מנער ועד זקן, נמשכו בבוקר שלמחרת אל בית הרב; מעין עולי־רגל של פסח.

יהודים נשואי־פנים ויודעי־ספר עם נתנ׳קי הרב אל שולחנו המגודש ספרים ושקלו־וטרו וחקרו־ודרשו.

שאר יהודי העיירה התגודדו בחוץ, בסמוך לבית הרב, ושיעורי השערות שלאחר יאוש.

ניט קאָנען הנאה האָבן? איז מילא!

— אידן קאָנען אויסקומען מיט אַ טרוקן שטיקל מצה, ווען נויטיק, — איי, די כלים? — מטאָר דאָך זיי אפילו אויף חמצ׳דיקן ניט נוצן — איז בהפסדא ניחה ליה — אַבי חלילה ניט קיין כרת, רחמנא לצלן!

גרויס עגמת נפש האָבן אידן געהאַט:

— טאָמער חלילה אַ האַרבער פסק־דין פאַר דעם זאַלץ־הענדלער.

— מיט דער חזקה זיינער צו פאַרקויפן פסח׳דיקע זאַלץ לאחדים, איז ער נאָך אַלץ אַן עני ואביון, און אַ בעל־מטופל... קליינוואַרג.

— איי, רבונו של עולם!

*

צעפראַלט האָט זיך דיר טיר:

— בטל!

בקול רם האָט פּיניע עלקעלעס, דער שמש, אויסגע־רופן:

— די שאלה איז בטל!

— אַ גוט יום־טוב, אידן!

לאָמיר האָבן אַ כשר׳ן און פריילעכן יום־טוב!

— אַ גוט יום־טוב!

אנוסים יהיו, איפוא, להשליך את כל המאכלים שהוכנו לכבוד החג? והדין נותן שישליכו הכל אל מקום שאין בו דריסת־רגל כלל, למען לא ייהנו אפילו הכלבים! נו, מילא.

— בשעת הדחק יכולים יהודים להסתפק אף במצה בלבד, — אלא מאי — הכלים! הלא הם אסורים גם לשימוש של־חמץ; ובכן, בהפסדא ניחא ליה, ובלבד שלא יתחיבו בנפשם, בכרת, רחמנא ליצלן!

אך צער נוסף נתלווה לכל ההשערות הללו:

ואולי, חלילה, יחמירו בדינו של מוכר המלח. — שהרי על אף ה„חזקה" שבידו למכור מלח־של־פסח הנהו עני־ואביון ומטופל בילדים...

— אוי, רבונו של עולם!

*

הדלת נפערה:

— בטל!

השמש, פיניה־של־אלקה׳לה, הכריז בקול רם:

— השאלה מבוטלת! מועדים לשמחה, יהודים! חג שמח וכשר!

— מועדים לשמחה!

# א קארטאפליע לכבוד חנוכה - בולבוס חנוכה

## אַ פאַרפלויגן בלעטל

(מאָנאָלאָג)

איך בענטש שוין ברוך־השם חנוכה ליכטלעך — אַ קימא לן — פון — — —.איר הערט ? — איך בין נאָך קיין זיבן יאָר ניט אַלט געווען, ווען מיין טאַטע, עה״ש, איז נפטר געוואָרן.

נאָך מיין טאַטנ׳ס טויט, צום ערשטן חנוכה־ליכטל, האָט מיין מאַמע( עה״ש, מיר געזאָגט : — בכור, מיינער, דו וועסט איצט פאַרנעמען דעם טאַטנ׳ס פלאַץ...

— דו וועסט בענטשן פאַר מיר חנוכה־ליכט.

קיין פאַרמעגן, פאַרשטייט איר, האָט מיין טאַטע נישט איבערגעלאָזט, און קיין חנוכה־לאָמפ אויך נישט.

געוווסט האָט מיין מאַמע, אַז זי קען זיך שוין פאַרלאָזן אויף מיר צו בענטשן חנוכה־ליכט אַפילו מיט מיין טאַטנס נוסח.

אַ קולכל האָב איך געהאַט אַ שיינס, און איך האָב שוין דאַן געשמט אַלס שטיקל עילוי.

מיטן מעסער אָבער אָפּצושניידן אַ שטיקל קאַרטאָפּ־ליע, אויסצודרייען מיטן שפיץ פון מעסער דאָס גריבעלע פאַרן בוימל מיטן קנייטל, דאָס האָט זי מיר נישט גע־טרויט.

## עלה נידף

(מונולוג)

**אני מברך על נרות־חנוכה מאז — מאז ומתמיד —** אכן ואכן — שכן טרם מלאו לי שבע שנים נפטר עלי אבי עליו־השלום.

משהגיעו ימי־חנוכה, אחרי מות אבי, פנתה אלי אמי עליה־השלום ואמרה : בכורי שלי, אתה תמלא הפעם את מקום אבא... אתא תברך בפני על נרות חנוכה.

אבא לא הותיר אחריו נכסים, בין דניידי ובין דלא־ניידי, ואף מנורת־חנוכה לא ירשתי ממנו.

אם כן, במה מדליקין ?

אשר לברכות ידעה אמא שיכולה היא לסמוך עלי, קולי היה ערב ואף יצאו לי מוניטין של עילוי־בנביטתו, וסמוכה־ומבטוחה היתה שברכותי על הנרות אף תהיינה בנוסח של אבא ז״ל, אך את הסכין לא מסרה בידי... הן היה צורך בסכין, לחתוך בה פלח של תפוח־אדמה ובחוד הסכין לחרר באותו פלח גומית לשמן־ולפתילה, — בענין זה לא סמכה עלי אמא.

זי האָט נאָך דאַן נישט געוווסט, אַז איך וועל זיך באַדאַרפן עוסקן מיין גאַנץ לעבן מיט אַ שאַרפן חלף... דערצו האָט זי געציטערט, אַז איך זאָל חלילה נישט קאַליע מאַכן אַ שטיקל קאַרטאָפליע, איר ווייסט דאָך, ביי אַן אלמנה אין דער אַלטער היים איז אַ שטיקל קאַרטאָפליע אויך געווען אַ „יש״.

שפּעטער, ווען איך בין שוין געוואָרן שוחט, געוואָרן אַ באַלעבעסל פאַר זיך — קיין חנוכה־לאָמפּ דרשה־געשאַנק האָט מיר מיין שווער ז״ל נישט געגעבן. זיין חנוכה־לאָמפּ, וואָס ער האָט געהאַט בירושה, אַ לאָמפּ אַן אַנטיקל, — פון ריינעם מעש, האָט ער אַוועקגעגעבן אַ מתנה דעם רבין.

פון מיינע אייגענע פאַרדינסטן צו קויפן אַ חנוכה־לאָמפּ, ווער האָט דאָס געקענט אַפילו טראַכטן? — האָב איך געשניטן שפּאָרעוודיקע שטיקלעך קאַרטאָפליע. פון אַ קליינער קאַרטאָפליע געמאַכט צוויי שיסעלעך און פון אַ גרויסער קאַרטאָפליע אויסגעשניטן גאַנצע פיר, — פאַר פיר קנייטלעך.

מיט אַ קאַרטאָפליע, ווייסט איר דאָך, איז מען אַמאָל אָפּגעקומען אַ וועטשערע אין דער היים, האָט מען געמוזט זיין שפּאָרעוודיק.

איין מאָל, איר הערט, זענען קאַרטאָפליעס געווען ביי

בימים ההם לא ידעה עדיין שכל ימי חיי אהיה צריך לעסוק בחלף דוקא... ולבד מזאת חרדה היתה, פן אקלקל פלח של תפוח־אדמה, והלא ידוע תדעו, שבזמן ההוא ובמקומות ההם היה ערך גם לפלח של תפוח־אדמה בביתה של אלמנה...

לימים, כשכבר הייתי שוחט ובעל־בעמיו, לא היתה עדיין בידי מנורת־חנוכה.

מנורת־החנוכה של חמי ז״ל, עשויה נחושת־קלל, שעברה אליו בירושה, לא אנכי קיבלתיה כמתנת־חתן, מנורת־פאר זו ניתנה מתת לרבי.

ואילו לקנות מנורת־חנוכה מכספי שלי — אף בדמיוני לא ראיתי אפשרות כזאת לפי רווחי בימים ההם. — המשכתי, איפוא, בהתקנת מנורות־חנוכה מתפוחי־אדמה. מתפוח־אדמה קטן עשיתי שתי קעריות, ומגדול הצלחתי להתקין ארבע קעריות — לארבע פתילות.

בתפוח־אדמה, כידוע לכם, היו יוצאים ידי־חובה של ארוחת־ערב, לפעמים, מן הדין היה, איפוא, לשמור על חסכנות בחתכנות.

והנה, האזינו והקשיבו, חורף אחד נמכרו תפוחי־אדמה בזיל־הזול ולא הייתי נאלץ לשמור על חסכנות־יתר. אזי התקנתי לי קעריות שופרא־דשופרא, חיתוכי־קישוט מסביב

אונדז בזיל־הזול. האָב איך שוין נישט געדאַרפט זיין אַזוי שפּאָרעוודיק. האָב איך מיר אויסגעצאַצקעט שיסעלעך אַ חריפות. — מיט צאַקן אַרום און אַרום, ווי אַ שנירעלע פּערל, מגן־דודלעך ביי די זייטן, קריגעלעך פון פאַרנט, אַ חריפות, איר הערט?

מיין מאַמע, זאָל האָבן דעם ליכטיקן גן־עדן, איז דאַן געווע ביי אונדז צו גאַסט.

— בכור מיינער, האָט זי געזאָגט, זאָל דיין גאַנץ לעבן דיר זיין אַזוי היימיש, ווי היימיש מיר איז היינט אויף דער נאַכט, — פּונקט ווי דיין טאַטע, דיר צו לאַנגע יאָר, וואָלט געשטאַנען ביים פענצטער און געבענטשט חנוכה־ליכט, אַזוי האָב איך מקיים געווען די מצווה מיט קאַרטאָפליע־לעמפּעלעך פאַר אַ שיין ביסל יאָרן, ביז איך בין שוין געוואָרן ברוך־השם אַ בעל מטופל מיט זעקס נפשות... צו האָדעווען, קיין עין־הרע, זעקס נפשות...

געשאָכטן האָב איך עופות פאַר דער גאַנצער שטאָט. פאַר זיך אָבער אַן עוף אויף שבת איז נישט געווען...

די פלוניתטע מיינע, זאָל מיר מאריך ימים זיין, האָט גע־נומען איינטענהן: — מענטש איינער, ביז ווען? ביז ואַנען?

— דו קאָנסט לעבן אויף תענתים... איך קאָן דיר צוהעלפן, אָבער די אומשולדיקע נפשות?

עפּעס אַזוי פועלט מען עס ביי זיך איבערצולאָזן אַ



סביב כמחרוזת של פנינים, מגיני־דוד זעירים מן הצדדים, כדיות מלפנים; בדבור אחד: שופרא דשופרא!

אמי, בגן־עדן תהא מנוחתה, באה אז להתארח אצלנו.

— בכורי שלי, — אמרה לי אמא, — ולואי ותשרור הטובה בכל ימי חייך כרוב הטובה שהשפעת עלי בערבי־חנוכה אלה; הרגשתי כאילו אביך, תבדל לחיים ארוכים, היה עומד ליד החלון ומברך על נרות החנוכה.

הנה כי כן, רבות בשנים קיימתי מצוות נרות־חנוכה במנורות־בולבוסין. משפחתי גדלה, ברוך השם, כבר הייתי אב לשש נפשות... ולפרנס משפחה כזאת, בלי עין הרע, לאו מילתא זוטרתא היא; הייתי שוחט עופות לכל העיר ולא היה סיפק בידי לקנות עוף־לשבת לביתי אני.

אזי התחילה זוגתי, שתחיה ותאריך ימים ושנים, לבוא עלי בטענות: עד מתי, בן אדם, עד אנה? היכול אדם להתקיים על צומות וימי תענית, מילא, אני, מוכנה אני לסייע לך בזאת, אך אלה הנפשות שילדנו מה חטאן ומה פשען? היה גבר ככל הגברים והפלג אל מעבר לים, מקום שם יהודים רבים מצאו פרנסה.

הנקל הוא לצאת ולעזוב משפחה ועיר מלאה יהודים? יהודים נאים שכאלה...

אבל משבאה העת והרבי, ז״ל, הפטיר: „משנה מקום משנה מזל, השם יצליח דרכיך״, ארזתי את צקלוני, כצידה־לדרך לקחתי עמי את כל הצומות ואפילו אלה של יום־

משפחה, אַ שטאָט מיט יידן? אַזעלכע שיינע יידן...

ווען דער רבי ז״ל אָבער, האָט געזאָגט — „משנה מקום, משנה מזל, השם יצליח דרכיך״, — האָב איך זיך איינגעפּאַקט. צידה־לדרך האָב איך מיר מיטגענומען אַלע תענתים, אַפילו די די יום־כיפור קטנס, פאַר די בני־בית מיינע האָב איך געלאָזט דעם שכר... און בין...

די תענתים, הערט איר, זענען מיר גאַנץ גוט צונוץ געקומען די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע.

*

אָנגעקומען בין איך צום ערשטן חנוכה־ליכטל, און אַז איך האָב זיך גענומען נאָכפרעגן אויף אַ קאַרטאָפליע האָט מיך די „מיסעס„ אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ווילט איר, אַ געקאָכטע, אָדער אַ געבראָטענע קאַרטאָפליע?

— ניין, — זאָג איך, מען דאַרף דאָך בענטשן חנוכה־ליכט.

האָט זי אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. — ווער בענטשט עס חנוכה־ליכט אין אַמעריקע? כ׳מיין מיט קאַרטאָפליעס?

ווען די אַלטע מיינע איז געקומען, — ס׳רעדט זיך, — געקומען, — מיט צרות, מיט ווייטיקן, קוים אַריבערגעשלעפּט זי מיט די קינדער אַ פּאָר יאָר נאָך דער ערשטער



כיפור־קטן, את שכרם הפקדתי על ידי בני ביתי... והפלגתי...

השומעים אתם, — תועלת רבה הביאה לי הבקיאות־בצומות בשנים הראשונות לשהותי באמריקה.

*

לאמריקה באתי ערב חנוכה, ומשהתחלתי לשאול את בעלת הדירה בדבר תפוחי־אדמה, השיבה לי ה„מיסיס״ בשאלה משלה:

— רצונו בתפוח־אדמה מבושל או במטוגן?

ולכשעניתי לה:

— לא זה ולא זה, נתכוונתי לשם הדלקת נרות של חנוכה;

פרצה ה„מיסיס״ בצחוק גדול:

— וכי מי מברך על נרות־חנוכה באמריקה? כוונתי, בנרות־חנוכה של תפוחי־אדמה?...

*

משהגיעה ובאה רעיתי — „הגיעה ובאה״ לא נאמר אלא כדי לשבר את האוזן — משעלה בידי ברוב עמל ויגע וביסורים אין ספור להביא אותה עם הילדים שנים־מספר לאחר מלחמת־העולם הראשונה חל שינוי רב בכולנו. היינו מרוחקים ומובדלים זה מזו עשר שנים תמימות. הזקנה קפצה על שנינו, והילדים, הבנים והבנות, גדלו בינתיים וכעין זרות השתררה בינינו, זרות של ממש...

וועלט־מלחמה. צעשיידט געווען גאַנצע צען יאָר.

ביידע עלטער געוואָרן, די קינדער גרעסער געוואָרן, פאַר די יאָרן אָפגעפרעמדט געוואָרן, שטאַרק אָפגעפרעמדט גע־וואָרן...

איך בין שוין דאַן געווען „אין די פעדערן"... איך פלעג קריגן די פעדערן אַ פרעמיע פאַרן פליקן...

ברענגען קיין עין־הרע אַזאַ משפחה, האָט מיך שטאַרק פאַראָרעמט, טאַקע פאַרחובעט, אָבער אַמעריקע, — איז נאָך פופצן־צוואַנציק סענט פאַר אַ בלעכענעם חנוכה־לעמפל, איז וואָס?

אָבער די אָפגעפרעמדקייט...

*

ווען איך האָב זיך צום ערשטן חנוכה־ליכטל גענומען מתעסק זיין מיט אַ קאַרטאָפליע, האָט מיך אַרומגערינגלט קיין עין־הרע, די גאַנצע משפחה.

ביים אָנצינדן דאָס ליכטל, האָבן אַלע צוזאַמען געמאַכט מיט מיר די „שהחיינו".

אוי, ס'איז דאָך אַזוי היימיש... פונקט ווי אין די אַלטע, גוטע צייטן!

דאָס צעפלאַמטע קנייטעלע אין דער קאַרטאָפליע האָט די אָפגעפרעמדטע הערצער צעוואַרעמט — עד — לזמן הזה.

אמנם, פרנסתי כבר היתה פרנסה־של־קבע, ואפילו „העליתי נוצות", כדאמרי אינשי, אלה הנוצות שהייתי מקבל כשכר מריטה... אלא שהבאת משפחה גדולה כזו, בלי עין הרע, רוששה אותי עד מאד, הייתי שקוע בחובות — — — והנה קרבו שוב ימי חנוכה...

אכן, אמריקה היא אמריקה ויכולתי על אף הכל לקנות בחמישה־עשר או בעשרים סנט חנוכיה־של־פח, אלא:

לא כן עשיתי. וטוב עשיתי שלא כן עשיתי.

משהתחלתי לכבוד הנר הראשון של חנוכה מתעסק עיסוק רב בתפוחי־אדמה, הקיפתני בחמימות כל המשפחה, ישמרנה האל.

משהדלקתי את ה„נר" והכל בירכו ביחד עמי ברכת „שהחיינו", הפטירו כולם כאחד:

— אוי, זה מזכיר לנו את הבית... ביתנו... כמו בימים הטובים ההם!

הפתילה שנשתלהבה בתוך הבולבוס העלתה אש מן הימים ההם וחיממה את הלבבות שנעשו זרים זה לזה, כביכול, והיא מחממת — —

עד — לזמן — הזה.

# אינהאלט - תוכן



## געדרוקט:

* שבת, יום טוב, חול־המועד
* פראַנק־און־פריי פאַרטרעטלעך
* מעשה בראשית
* לוסטיק, לעבעדיק, פריילעך
* גויים זינגען
* תכלית

גרייט צום דרוק:

* שיר־יום
* און נאָך „שמות״